האַלב ניין, און ווען אונטער מיין פענסטער הויבט זיך אָן דאָס קלאַנגעדיגע פּיסטשען און איך זעה די אומרוהיגקייט און זאָרג פון די קליינע עלטערען קריג איך בוכשטעבליך א האַרץ־קראַמפּ. איך קאָן זיי דערביי גאָרנישט ניט העלפען, ווייל די הויבען־לערכען זיי־נען זעהר שרעקעדיגע און מען וואַרפט זיי צו ברויט צופליהען זיי זיך, נישט ווי די טויבען אין שפּאַצען, וועלכע לויפען מיר שוין נאָך ווי די הינט. איך זאָג צו זיך אליין, אַז ס'איז דאָך לעכער־ליך, אַז איך בין ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע הונגעריגע הויבען־לערכען אין דער וועלט, און קאָן נישט וויינען איבער אַלע געשלאָ־גענע אָקסען, ווי די וואָס קומען אהער יעדען טאָג מיט זעק. דאָס העלפט מיר אָבער נישט, און איך בין ווירקליך קראַנק ווען איך זעה און הער אַזעלכע זאַכען. און ווען דער שטאַאַר, וועלכער ווי־דערהאָלט א גאַנצען טאָג, ביז צום דערעסען, זיין אויפגערעגטען געשוועץ ערגעץ נישט ווייט פון פענסטער, פאַרשטומט פאַר עטליכע טעג, האָב איך ווידער ניט קיין רוה, טאָמער האָט איהם עפּעס שלעכטס געטראָפען און וואַרט מיט אומגעדולד ער זאָל ווייטער פייפען זיין אונזין, און מיר מיט דעם לאָזען וויסען, אַז ס'געהט איהם גוט. אַזוי בין איך פון מיין צעל פאַרקניפּט פון אַלע זייטען דורך אומזיכטבאַרע פעדים מיט טויזענטער קליינע און גרויסע באַשעפּענישען און רעאַגיר אויף אַלצדינג מיט אומרוהיג־קייט, שמערץ, זעלבסט־פאָרווירפען... אויך איהר געהערט צו די אַלע פויגלען און באַשעפּענישען, וועגען וועלכע איך ווייבריר פון דער ווייטענס. איך פיהל ווי איהר ליידט, ווי יאָהרען געהן פאַרביי, קיינמאָל צוריק צו קומען, און מען „לעבט" זיי ניט. אָבער געדולד און מוט! מיר וועלען נאָך לעבען און איבערלעבען גרויסע זאַכען. איצט זעהן מיר צום ערשטען מאָל ווי די גאַנצע אַלטע וועלט פאַר־זינקט, יעדען טאָג א שטיק, א נייער ריזען־שטורעם... און דאָס קאָ־מישסטע איז, וואָס מייסטע באַמערקען דאָס גאָרנישט און גלויבען, אַז זיי טרעטען נאָך אויף פעסטען באָדען...

סאָניטשקאַ, האָט איהר פּילייכט אָדער קאָנט איהר קריגען „זשיל בלאַ" און דעם „הינקענדיגען טייוועל"? איך בין מיט לעסאַזש'ען גאָרנישט באַקאַנט און וויל איהם שוין לאַנג לייענען.

זענט איהר מיט איהם באקאנט? אין ערנסטען פאל וועל איך איהם קויפען אין דער רעקלאם־אויסגאבע.

איך נעהם איך ארום הערצליך. אייער

ראָזאַ.

שרייבט באלד וואָס קארל מאכט.

אפשר האָט פפעמפערט דעם „פלאכזאגען“ פון סטין סטראָנ־פעלס, דאָס איז ווידער א פלאמינגער; ערשיינט אין אינזעל־פארלאג. איז קענטיג א גוטע זאך.

---

ברעסלאו, דעם 18טען אָקטאָבער, 1918.

ליעבע סאָניטשקא, איך האָב אייך עהער־נעכטען געשריבען. ביז אהער האָב איך קיין ענטפער נישט געקראָגען אויף מיין טעלעג־ראם צום רייכסקאנצלער. עס קאָן נאָך פיליכט דויערען עטליכע טעג. יעדענפאלס שטעהט איין זאך פעסט: מיין שטימונג איז אזא, אז א באזוך פון מיינע פריינט אונטער אויפזיכט איז פאר מיר געוואָרען אן אוממעגליכקייט. איך האָב די אלע יאָהרען אלץ אריבערגעטראָגען גאנץ געדולדיג און וואָלט אונטער אלע אומשטענ־דען נאָך ווייטער יאָהרען געבליבען פונקט אזוי געדולדיג. אָבער נאָך דעם אלגעמיינעם אומשוואונג פון דער לאגע איז אויך אין מיין פסיכאָלאָגיע אן אומשוואונג פאָרגעקומען. די אונטעררעדונגען אונטער אויפזיכט, ד. ה., די אוממעגליכקייט צו רעדען וועגען דעם וואָס מיך אינטערעסירט ווירקליך, זיינען מיר שוין אזוי צו לאסט, אז איך וועל זיך בעסער אפזאָגען פון יעדען באזוך, ביז מיר וועלען אלע זיין פרייע מענשען.

לאנג קאָן עס שוין מעהר ניט דויערען. ווען דיטמאַן און קורט אייזנער זיינען פרייגעלאָזען געוואָרען קאָנען זיי מיך לענגער אין געפעננגיס ניט האלטען, און אויך קארל וועט באלד זיין פריי. לאָמיר דעריבער בעסער ווארטען אויף דעם ווידערזעהן אין בערלין.

ביז דאַן טויזענט גרוסען.

אימער אייערע

ראָזאַ

